(3) זוך איך און פאָרש, קליג מיך און פּרואוו,
און געמיינט איך וועל דערלאַנגען 1)
ווייסט (ווייט?) פון מיר! וואָס אָפּגעגאַנגען 2)

62 (איך האָב צום הארצן זיך גענומען:
צו פאָרשן, וואָס עס האָט א האפּט,
וואָס ס'איז קלוג און רעכנשאַפט.—אויסג.)

63 (1) צו דעם קלוגן ווער זיך גלייכט?
ווער נאָך וויים א זאַך באַשייד?
מענטשן־קענערשאַפט זיין געזיכט 3) באַלייכט
און זיין אָנבליק—פעסטיגקייט.

(2) צו דעם קלוגן ווער זיך גלייכט,
און זאַך־באַשייד ווער טראָגט ארוים? 4)
זיין געזיכט באַלייכט
מענטשן־קענערשאַפט;
און מיט קראַפט
צייכנט זיך זיין אָנבליק אוים.

(3) צו דעם קלוגן ווער זיך גלייכט?
און אין געריכט, ווער טראָגט אוים (אַרוים?)
דעם זאַך־באַשייד?

---

1) און געמיינט אָט־אָט געפין איך וואָס באַשייד.
2) וואָס געוועזן, דאָס איז ווייט.
3) (זיין אָנגעזיכט).
4) זאַך באַשייד ווער טראָגט אַרוים.
מעסט זיך מיט דער(ם?) קלוגן ווער?
ווער נאָך ווייסט ווי ער...

מענטשן־קענטעניש באַלייכט
זיין אַנגעזיכט.
עס צייכנט זיך זיין אַנ...

(4) צו דעם קלוגן ווער זיך גלייכט?
ווער נאָך ווייסט דעם זאַך־באַשייד? 1)
מענטשן־קענערשאַפט באַלייכט
זיין אַנגעזיכט; מיט פעסטיגקייט
צייכנט זיך זיין אַנבליק אויס.

64 (1) קעניג׳ס מונד אויפגעפאַסט! דארום 2)
ווי דו ביי גאָט געשוואָרן האָסט.
נישט געאיילט דיין אָרט פארלאָזט.

(2) ראָט איך היטן דעם קעניג׳ס געבאָט,
און געדענק דיין שוואור ביי גאָט,
טרעט צוריק, נישט געאיילט;

(3) ראָט איך שטרענג דערפיל
דעם קעניג׳ס געבאָט
ווי געשוואָרן דו האָסט פאר גאָט.
נייסט פון אים...

65 רעכט און צייט דער קעניג היט;
אַלעם אין דער צייט פארגעלטיגט!

---

1) דארום קעניג׳ס מויל געהיט!
2) אָפּ.—אויסג.

66 (1) און ווירקלעך איך האָב פאַרנומען, 1)
עס זיינען באַשטאַטע פאַרברעכער געקומען,
זיי גייען פון א הייליגער שטעל
און רימען נאָך זיך פרעך 2)
(מיט זייער פאַרברעך.—אויסג.) זיי האָבן.
דום! ווייל נישט אויף דער שטעל
די שטראָף נאָך דעם ווערט אויסגעפירט.
ווי אָפט מען זעט, 3)
דאָס הונדערט זינד א מאַן באַגייט
און עס ווערט אים פּראָלאָנגירט
מאַכט זיי דרייסט, 4) דאָס פאַרפירט
צו אַלדאָס בייז.

(2) און געזען האָב איך פיל:
קומען באַשטאַטע פאַרברעכער,
גייען פון הייליגן אזיל
און באַנעמען זיך נאָך פרעכער
רימען זיך מיט זייער טון, 5)
דאָס בייזע קומט דערפון,
וואָס עס ווערט נישט געשווינד
די פאַרגעלטונג אויסגעפירט. 6)

---

1) און ווירקלעך איך באַמערק.
2) און רימען נאָך זיך פרעך אין שטאָט.—אויסג.
3) ווייל (דאָס וואָס) מען זעט.
4) (דאָס) מאַכט זיי דרייסט.
5) גערימט זיך דאָס און יענץ געטאָן.
6) וואָס נישט (אַזוי) געשווינד
ווערט די פאַרגעלטונג אויסגעפירט.

ווייל מען זעט 1)
* דאָס הונדערט זינד א מאַן באַגייט
* און עס ווערט אים פּראָלאָנגירט,
פון דעם ווערן זיי פארפירט. 2)

(3) און וואָס איך האָב געזען
פארשטאָטע פארברעכער גייען
פון א הייליגן שטעל
און געגאַנגען אין שטאָט ארום,
באַרימט זיך דאָס און יענץ געטון,
דאָס איז דום
און עס שטאַמט דערפון,
(וואָס דאָס אורטייל אויף דער זינד
ווערט נישט אויסגעפירט געשטעל.—אויסג.)

(4) (מערק איך פיל
זינדער פארשטעקטע
אויפסניי אנטפלעקטע. 3)
געקומען פון א הייליגן אזיל
גייען אין שטאָט ארום פרעך
און רימען זיך מיט זייער פארברעך—אויסג.)

---

1) (און אַז) מען זעט
2) אַט מאַכט זיי דרייסט.
צו אַלדאָס בייז.
3) (פלוצלונג אַנטפלעקטע).

(5) מערק איך זינדער פאַרשטעקטע
אויפס ניי אנטפּלעקטע
(גייען פון א הייליגער שטעל 1)—אויסג.)

(6) געזען
פאַרשטאַטע פאַרברעכער קומען,
זיי גייען פון א הייליג אָרט
און רימען זיך אין שטאָט:
זיי האָבן רעכט געטאָן.

(7) און וואָס איך האָב געזען
אין שטאָט ארום גייען,
מאַנכע באַשטאַטע פאַרברעכער 2)
קומען פון א הייליגן אָרט. — — — —

67 און איך וויים
דאָס 3) גוט וועט זיין
נאָר דעם גאָטספאָרכטיגן אליין.

68 דעם זינדיגן 4) קען א ווייַלע געראָטן.
ר'וועט פאַרשווינדן ווי א שאָטן
דאָס 5) ער קיין לאַנג לעבן האָט.
ווייל ער פאָרכט זיך נישט פאַר גאָט.

---

1) פון א הייליגער שטעל געקומען.
2) באַשטאַטע פאַרברעכער( פיל).
4) (און דעם זינדיגן)
5) (דען).

69 (1) איז אויף דער ערד אן אומרעכט פאַראַן
ווערט א רעכטשאַפענער מאַן
אָפּט ווי א זינדער באַלוינט
און דער זינדער 1) געשוינט
און עס גייט אים.

(2) און דאָך איז עס נישט רעכט, 2)
וואָס עס געשיט דאָ אויף דער ערד.
טרעפט א מאַן איז גערעכט 3)
און ס'איז אים דעם בייזנ'ס לאָס באַשערט.
און דער שלעכטער ווערט געשוינט
און גלייך א גערעכטער געלוינט.
(דאָס האָט אָבער אויך קיין ווערט.—אויסג.)

(2) דאָך ווי.—אויסג.
שלעכט
פירט זיך דאָ אויף דער ערד... 4)
אָפּט איז א מאַן גערעכט
און ווערט ווי א זינדער באַלוינט,
און דער זינדיגער ווערט געשוינט
און באַקומט דעם גערעכטנ'ס טייל.—אויסג.)

(3) איז פאַראַן אַ נישטיגקייט
וואָס געשיט דאָ אויף דער ערד.

---

1) ווערט.
2) און דאָך איז א בייז פאַראַן.
3) (טרעפט—אויסג.) דעם גערעכטן מאַן.
4) (1) (דום—אויסג.) פירט זיך דאָ אויף דער ערד.
(2) און דאָך איז נישט רעכט
(ווי עס.—אויסג.) פירט זיך דאָ אויף דער ערד...

ווערט דעם גוטן בייז באשערט
און געשווינט די בייזע לייט. 1)

70 (1) ליב איך איינציג און אליין
נאר די פרייד! אונטער דער זון 2)
האט דער מענטש נישט וואס צו טון
נאר עסן, טרינקען און לוסטיג זיין!
דאס איז באגלייטן אין זיין מיאיג לעבן,
וואס איז אים אונטער דער זון געגעבן!

(2) און איך שאץ דארום די פרייד! 3)
קיין אנדער גוט (ס?) איז פאר א מאן
אונטער דער זון דא נישט פאראן
נאר עסן און טרינקען און לוסטיג זיין.

71 װאריאנטן צו די פעלגדיגע פ. 16 און 17.

16 אלץ געפארשט און נאכגעקלערט,
אום צו קומען צום פארשטאנד,
וואס דא טוט זיך אויף דער ערד,
וואס מע יאגט זיך דורכאנאנד,
וואס קיין רו בייטאג מען האט
און מען זעט קיין שלאף ביינאכט.

(2) האב איך געפארשט און נאכגעקלערט
פלוג צו ווערן (און דערגיין.—אויסג.)
וואס דא טוט זיך אויף דער ערד.

---

1) און עס באקומט (באקומען) דער בייזער מאן (בייזע לייט)
וואס דעם גוטן צוגעהערט.
2) (און געלויבט זאל זיין די פרייד).
3) שאץ איך דארום די לוסטיגקייט.

17 און האָב איינגעזען, אַז גאָט
האָט דאָס אַלץ אַזוי געמאַכט,
דאָס דער מענטש זיך נישט דערוויסט 1)
וואָס אונטער דער זון עס דאָ געשיט 2)
און זאָל זיך מיען און זוכן אומזיסט.
עס איז דערפון
קיין באַגריף נישט צו געווינען,
און אויב דער קלוגער צו וויסן מיינט,
אים שיינט,
עס איז גאָרנישט צו געפינען.

72 דאָס אַלע צום האַרץ זיך גענומען,
פון דעם אַלעם אַרויסבאַקומען,
דאָס אַלץ איינס קלוג און גערעכט,—
די הערן און זייערע קנעכט
זיינען ביי גאָט אין דער האַנט!
און דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד
שאַפט זיין האַסן און זיין ליבן
אַלץ אָנצייכנט; פאַרגעשריבן
איז אַלץ מיט אַנאַנד.

73 און איין לאַז דערגרייכט
דעם גערעכטן און אומגערעכטן
דעם וואָס אומריין איז און דעם וואָס ריין 3)
און צי געאָפּפערט ווערט צי ניין,

1) דאָס קיינמאָל זיך דער מענטש דערוויסט.
2) (1) וואָס דאָ געשיט אונטער דער זון.
(2) וואָס עס געשיט דאָ אונטער זון.
3) ווער עס איז אומריין (ווער ס'איז ריין).

און דעם וואָס איז 1) צו שווערן לייכט
און פון שווערן אָפּגעהיט... 2)
קיין אונטערשייד !—אויסג.

74 (1) דאָס שלימסטע, וואָס אונטער דער זון געשיט:
וואָס אַלע איין געשיק דערגרייכט!
און פול בייז און צעלאָזנקייט
איז דער מענטש אין זיין לעבנס־צייט.
(און.—אויסג.) שפּעטער 3) צו דער אונטערוועלט! 4)

(2) שלעכט וואָס אונטער דער זון געשיט,
דאָס איז איבער דער מאָס
און נאָך וואָס...

75 (1) ווער צום לעבן אויסגעקליבן,
האָט נאָך צו האָפן א גרונט 5)
דען בעסער דעם לעבעדיגן הונט
אַלס דעם לייב.

(2) דען איז געוויילט צום לעבן ווער
האָט נאָך צו האָפן א גרונט 6)
און בעסער איז דעם הונט,
אַלס דעם לייב, וואָס לעבט נישט מער.

1) און ווער עס איז.—אויסג.
2) פון שווערן אָפּגעהיט.
3) און דערנאָך.—אויסג.
4) און צו די טויטע איבערגעגעבן.
5) האָפט נאָך ווער.
6) דער האָפט.—אויסג.

(3) דען ווער געווײלט עס איז צום לעבן,
דעם איז האָפענונג געגעבן.

76 און וואוילגעמיט...

77 און נישט קאַרג צום קאָפּ דיין אייל.

78 און פאַרגעניגט לעב אָפּ דיין וועלט
מיט דעם ווייב, וואָס דיר געפעלט.
דאָס איז אונטער דער זון דיין טייל 1)
פאַר דיין גאַנצער מי און שטרעבן
אין דיין קורץ און נישטיג לעבן.

79 (1) ווידער זע איך 2) דאָ אויף דער וועלט,
נישט דער לייכט געווינט ס'געיעג
און אין געשלעג
זיגט נישט 3) דער העלד.
* דער קלוגער אָפט קיין ברויט געפינט
און פאַרמעג
זיך צו קלוגשאַפט נישט געזעלט
און נישט דער וויסנדער געפינט
לייטזעליגקייט.

---

1) דען דאָס קומט דיר, דאָס איז דיין טייל
פאַר גאָר דיין גאַנצער מי אין לעבן.

2) וואָס נאָך איך זע.

3) נישט זיגט.

(2) (נאָך וואָס אונטער דער זון באַטראַכט 1)
נישט דער פלינקער געווינט
דאָס געיעג
נישט דער שטאַרקער זיגט אין שלאַכט
* און פאַרמעג
זיך מיט וויסן נישט געזעלט.—אויסג.)

(3) מערק איך נאָך, דאָס אויף דער וועלט
נישט דער לייכטער — אין געיעג
און נישט דער שטאַרקער זיגט אין פעלד.
א קלוגער מאַן און הונגער־טעג
(און פאַרמעגן מיט פאַרשטאַנד

זעלטן גייען האַנט אַן האַנט.—אויסג.) 2)
און קיין אונטערהאַלט געווינט. 3)
און נישט וויסנדער געפינט
ליטזעליגקייט

(4) נאָך וואָס אונטער דער זון באַטראַכט.
נישט דער פלינקער ס׳געיעג געווינט.
נישט דער העלד זיגט אין שלאַכט.

---

1) און ווידער האָב איך באַטראַכט.
נישט דער פלינקער (דאָס געיעג) געווינט.

2) (1) און נישט האַנט אַן האַנט
גייט דאָס רייכטום מיט פאַרשטאַנד.

(2) רייכטום גייט נישט האַנט אַן האַנט
(מיט פאַרשטאַנד).

3) (1) (וויסן קיין פאַרמעג) געווינט.

און דער קלוגער אָפט קיין ברויט געפינט.
פאַרמעגן 1) צו קלוגשאַפט זיך נישט געזעלט
און נישט דער פאַרשטענדיגער געפעלט.

(5) נישט דער וואָס לייכט 2)
אין געלאף דאָס ציל דערגרייכט
(דאָס) אין קריג
נישט ביים 3) שטאַרקן בלייבט דער זיג.
* דער קלוגער אָפט קיין ברויט געווינט. 4)
לייטזעליגקייט נישט דער ויסנדער געווינט.

(6) און אונטער דער זון וואָס נאָך באַטראַכט:
נישט ווער ס'איז לייכט ס'געיעג געווינט
און נישט דער העלד זיגט אין שלאַכט.
א קלוגער אָפט קיין ברויט געפינט.
פאַרשטענדיגער קיין רייכטום מאַכט. 5)
און לייטזעליגקייט
דער קלוגער נישט געווינט,
דען איבער אַלעס צופאַל און צייט!

(7) און ווידער געזען, דאָס אויף דער וועלט
נישט דער פלינקער קומט געשווינד

1) רייכטום.—אויסג.
2) דאָס נישט דער וואָס לויכט.
3) (דעם).
4) פאַרמעג און וויסן גייען צעשייד.
5) רייכטום צום קלוגן זיך נישט געזעלט.—אויסג.

* נישט דער שטאַרקער זיגט אין פעלד.
* א קלוגער מאַן קיין ברויט געפינט
און נישט צוזאַמען האַנט אָן האַנט
גייט דאָס רייכטום מיט פאַרשטאַנד [1]
און דאָס ליטזעליגקייט
נישט דער וויסנדער געווינט.

(8) ווידער זע איך: אויף דער וועלט
נישט דער לייכטער — דאָס געיעג,
* נישט דער שטאַרקער זיגט אין פעלד;
דער קלוגער מאַן האָט הונגער־טעג.

(9) וואָס איך זע נאָך אויף דער וועלט,
נישט דער לייכטער נעמט ס'געיעג
* און נישט דער שטאַרקער זיגט אין פעלד.

80 (1) און דאָס בענטשן־קינד איז בלינד
פאַראויס זיין צייט זעט קיינער ניש', [2]
ווי אין בייזער נעץ די פיש,
ווי פייגל אין די פויגל־פאַנג. [3]

(2) און ווען די צייט וועט קומען,
דאָס פאַראויס זעט קיינער ניש',
ווי'ן (א בייזער נעץ) די פיש

---

1) גייט דאָס רייכטום מיט פאַרמעג.
2) (1) פאַראויס די צייט זעט קיינער ניש.
(2) די צייט פאַראויס דאָס זעט ער ניש.
3) ווי (די) פייגל אין דער פויגל־פאַנג (געפאַלן).

ווי פייגל אין די פאנגען
אזוי ווערט אויך דער מענטש געפאנגען. 1)
פלוצלונג קומט זיין אונטערגאנג.

(3) צייט און צופאל אלץ רעגירט 2)
און קיינער ווייסט נישט ווען ס'פאסירט
און ווען עס קומט 3) ווייס קיינער ניש'.
ווי אין בייזער נעץ פארנומען
* (ווי די פייגל אין די פאלן...—אויסג.)

(4) (און—אויסג.)פאראויס זעט קיינער ניש',
* ווי'ן א בייזער נעץ די פיש
ווי די פייגל אין פויגל־פאנג
ווערט געכאפט דאס מענטשן־קינד. 4)

81 מאכט דעם גאנצן אייל צו שאנד.

82 (1) פיל ערן און פיל פארשטאנד
ווען דומהייט א נאפ,
קוועלט עס ארויף
מאכט אלץ צו שאנד.

(2) ער' און וויסן,—דומהייט א נאפ,
עס קוועלט ארויף.

1) אזוי ווערט דער מענטש (באנומען)
2) צייט און צופאל אלע דערגרייכט.—אויסג.
3) (און ווען עס קומען ווער)
4) כאפט מען אויף דאס מענטשן־קינד.

83 זיין רעכטע האנט דער קלוגער באפעלט 1)
(טוט, מיט דער לינקער דער נאר זיך קוועלט און
געלינקט)

84 (און אויך אין וועג אז הארץ—אויסג.) אים פעלט,
קינדיגט ער איך בין א נאר.

85 ווער די בייזע צונג באדארף!

86 ס'איז(ס'אייזן?) שטומפּ. ער מאכט קיין שארף
און ארבעט מיט דער לעצטער קראפט,—
אין צו באריים איז קענערשאפט!

87 (און זיך אליין
אין די רייד דער נאר פארשטריקט.—אויסג.)
אין אָנפאנג—דום, צו ענד—געמיין.

88 און פארשייט—אויסג.

89 און ער האָט אזוי פיל רייד—אויסג.
עס ווייסט קיין מענטש נישט, וואָס ס'וועט זיין!
און עס וועט נאָך אים געשען,
(אים קיינער דערציילט—אויסג.)

90 און דער נאר מי'ט און קוועלט,
און ווייסט נישט, וואו אהין ער גייט.—אויסג.

1) דער קלוגער באפעלט זיין רעכטע האנט.

91 (1) אין דער היים ביי זיך
אויף קיין קעניג קיין שלעכט געזאָגט,
אין שלאָף־געמאך 1) קיין רייכן פלוך,
דער פויגל פון הימל...

(2) אין שטילסטן צימער ביי זיך,
אין שטילסטן צימער קיין קעניג פלוך.

92 (1) פון באגינען 2) דיין זאָמען שפרייט,
לאָז נישט אָפּ אויך אָוונט־צייט
דו ווייסט דען, וועלכער בעסער איז? 3)
(און מענלעך איז.—אויסג.) אויב נישטביידע 4) טויגן.

(2) אין דער פרי דיין זאָמען שפרייט
נישט אָפּגעלאָזט אויך אָוונט־צייט
דו ווייסט נישט וועלכער בעסער איז
(און.—אויסג.) פילייכט וועלןביידע טויגן.

93 (1) און דאָס ליכט איז זיס,
און גוט איז פאַר די אויגן.

(2) און דאָס ליכט איז אזוי זיס,
און אזוי גוט פאַר די אויגן
די זון צו זען. 5)

94 (1) און זאָל א מענטש צו מאָל
לעבן יאָרן איבער יאָרן, 6)

1) אין שלאָף־געמעך קיין רייכן פלוך.
2) מאָרגן פרי—אויסג.
3) דו ווייסט נישט, וועלכער געדייט.
4) דאָס ביידע טויגן.
5) (די זון צו זען) איז גוט פאַר די אויגן.
6) א מענטש זאָל יאָרן איבער יאָרן לעבן.

אַלע וועלן פרייד אים געבן,
נישט ווייניג אין צאָל
(טריבע...—אויסג.) 1)

(2) און דעם מענטש זאָל מען שענקען
יאָרן אומצייליגע רייען
מיט אַלע וועט ער זיך פרייען
(און—אויסג.) וועט אויך טריבע טעג געדענקען: 2)
און זייער צאָל ווערט נישט לינד 3)
און אַלץ, וואָס געקומען איז, פאַרשווינדט!

95 (1) פריי דיך, יונג לעבן,
ווי לאַנג יונג ביזט. 4)
געניס 5) דיין פרישע לעבנסקראַפט
וואָס דיין...

(2) יונגערמאַן, ווי לאַנג יונג דו ביזט,
פריי דיך מיט דיין לעבנסקראַפט,
וואָס דיין אויג זעט, דיין האַרץ געלוסט...

(3) ווי לאַנג יונג דו ביזט,
פריי דיך מיט דיין לעבנסקראַפט,
געניס דיין יונג לעבן,
וואָס דיין אויג זעט, דיין האַרץ געלוסט,
נאָר...

4) אויך טריבע טעג.—אויסג.
2) וועט אויך (האָבן צו) געדענקען.
3) טריבע טעג און נישט לינד איז זייער צאָל.
4) (פריי דיך) ווי לאַנג יונג דו ביזט.
5) פריי דיך מיט.

(4) פריי דיך, אָ, יונג לעבן,
ווי לאַנג פריש און יונג דו ביזט,
פריי דיך מיט דיין יונגער לעבנסקראַפט
וואָס דיין אויג זעט, דיין האַרץ געלוסט,
איז דיין געשענק,
נאָר געדענק... 1)

96 דאָס (פּאָר) גאָט.

97 און נישט פאַרגעס, דאָס רעכנשאַפט
וועט אויף אַלעס גאָט דערלאַנגען.

98 (1) פון באַשעפער טראַכט (נאָך) יונגערהייט,
איידער עס קומט די בייזע צייט,
אין וועלכער ס'איז דיר נישט געלעגן.

(2) אין דעם באַשעפער געדענק יונגערהייט! 2)
איידער עס קומט די שלעכטע צייט,
די יאָרן וואָס זיינען נישט ליב...
(און די טעג גלייכגילטיג ווערן—אויסג.)

(3) און פון דיין באַשעפער געקלערט 3)
נאָך יונגערהייט,
* איידער עס קומט די בייזע צייט

---

1) נאָר וויים.

2) אָן באַשעפער דענק יונגערהייט.—
(איידער עס קומט...—אויסג.)

3) און פון באַשעפער פון דיינעם געקלערט.

און די טעג שווין אַן א ווערט 1),
ווען דו פרעגסט, וואָס האָב איך דערפון ?

99 (1) ווען טונקל ווערט די זון דיר ווערן
און דאָס ליכט — מאָנד און שטערן,
און צוריקקערן
ווערט דער וואָלקן נאָכ'ן רעגן.

(2) ווען די זון (פון אויב(ן)—אויסג.) ווערט טריב,
(און טונקל ווערט ווערן—אויסג.)
(און—אויסג.) דאָס ליכט, מאָנד און שטערן.
דער רעגן איז פאַרביי און פון אַלע עקן
(וואָלקן זיך שטרעקן...—אויסג.)

100 (1) און ס'וואקלען זיך די וועכטער פון (דיין—אויסג.) הויז
און די קריגס־לייט קרומען זיך אויס.
און די מילנער (מאָלן נישט מער, ליידיג גייען...
—אויסג.) 2)
די צאָל איז קליין
(און פאַרטונקלט די קראַטן־זעער.—אויסג.)

(2) און עס וואקלען זיך די וועכטער פון דיין הויז
און די קריגער קרומען זיך אויס,
און די מילנער שטייען פוסטע פאַס 3).

---

1) די יאָרן וואָס האָבן פאַר דיר אַ ווערט.—אויסג.
2) און די מילנער שטייען פוסט און פאַס.—אויסג.
3) פוסט און פאַס.

די קליינע צאַל געניגט נישט מער.
און די וואָס דורך די לעכער קוקן 1) ווערן שוואַרץ 2)

101 פאַרשפּאַרט די טירן צו דער גאַס 3).
ווייל דאָס געמעל איז געפאַלן 4)
(און יעדער פּיפּץ פון א פויגל וועקט.—אויסג.) 5)
די זינגערלעך אַראָפּגעלאָזט 6).

102 און עס שרעקט אויב וואָס העכער 7)
און דער וועג איז פול מיט לעכער.

103 וואַריאַנט אויף פּ. 7. (אין הויפּט־וואַריאַנט פעלט).
ס'גייט דער שטויב צוריק צו דער ערד,
וואו ר'איז געווען
און דער גייסט צוריקגעקערט
צו גאָט.

---

1) און די וואָס קוקן דורך די שפּאַלטן.—אויסג.
2) פאַרפינצטערט די זעער.—אויסג.
(2) און עס שליסט זיך די טיר אַרוים.
3) (1) פאַרשפּאַרט די טירן (אין גאַס אַריין.—אויסג.)
4) (און—אויסג.) דאָס געמעל (ווערט קוים געהערט.—אויסג)
5) (1) צום פויגל פּיפּץ זיך אויפגעשטרעקט.—אויסג.
(2) צום פויגל־פּיפּץ זיך (אויפגעשטעלט—אויסג.)
6) (1) די זינגערלעך (ערגע(ץ) טיף פאַרשטעקט—אויסג.)
7) און די קלענסטע הויך דערשרעקט.

# צוגאָב־וואַריאַנטן

## צום הויפּט־וואַריאַנט

### קאַפּ. א.

#### פּסוק 16.

איך האָב אין הארצן ביי מיר געטראַכט:
איך האָב עס ווייטער געבראַכט,
איך ווייס מער און קען מער,
אַלס די אַלע, וואָס זיינען ביז אהער,
אין ירושלים דאָ געווען.

### קאַפּ. ב.

#### פּסוק 4, שורה 2,

און זיך מיט זיי אַרומגעשאַנצט.

#### פּסוק 5.

גערטנער און סעדער... אויסגעזוכט,
און ביימער געפּלאַנצט פאַר יעדער פּרוכט.

#### פּסוק 7.

און איינגעקויפט זיך מעגד און קנעכט
פון ביידערליי געשלעכט,
און געמערט דאָס הויז־געזינד
און הערטן — שאָף און רינד —

און פיל, פיל מער,
אלס אלע, וואס זיינען ביז אהער
אין ירושלים געוועזן פאר מיר.

פסוק 8, שורה 2.

און וואס נאר קאסטבארקייט און ציר.

דערזעלבער פסוק, שורה 4.

און אלץ, וואס מענטשן האבן האלט.

פסוק 9 און 10.

אלע, וואס זיינען געוועזן פאר מיר,
איבערגעשטיגן.
און נישט פארוויינערט ווערט,
וואס דאס אויג באגערט.
און יעדעס פארגעניגן,
וואס דאס הארץ פארלאנגט.
דאס איינציגע, וואס כ'האב דערלאנגט
מיט אלע מיינע ווערק.

פסוק 11.

און קוק זיך אום.
און נעם מיין גאנצע מי און באטראכט —
געוועזן בלינד!
אלץ, וואס איך האב געמאכט,
איז דום,
אייטל יאגעניש נאך ווינט!
אונטער דער זון האט גארנישט קיין ווערט...

# אסתר

אין ריימען פאראידישט

אין די טעג פון אחשורוש,
אחשורוש, וואָס געקיניגט
האָט פון הודו ביז צו כוש —
הונדערט זיבענע צוואַנציג לענדער!

אין יענע צייטן, ווען געזעסן
ס'איז דער קעניג אחשורוש
אויף זיין טראָן אין שושן־בורג, —
צום דריטן יאָר פון זיין רעגירן
האָט א טרינקמאָל ער געגעבן
פאַר די פערשטן און די דינער
און סאָלדאַטן, אויסגעווײלטע —
פערסיאַנער, מעדיאַנער
און רעגענטן פון פראָווינצן,
וואָס פאַר זיין געזיכט געשטאַנען!

און ער באַוויזט דערביי דאָס רייכקייט
פון זיין קעניגלעכער הערשאַפט,
אויפגענומענע זעלטנהייטן
פון זיין גרויסקייט, און עס דויערט
גאַנצע הונדערט אכציג טעג!

ערשט דערנאָכטן מאַכט דער קעניג
פאַר די שושן־בורג באַוואוינער
פון גרויס ביז קליין אַ טרינק־געלעגער
אויפ׳ן פאָרהויף פונ׳ם קעניג׳ס
גאָרטן־ווילע — זיבן טעג!

אויסגעהאָנגען שטאָפן ווייסע,
פאָרהענג גרינע, הימל־בלויע,
און די שנירן — ביסוס, פורפור,
זילבער־שטאַנגען, מאַרמאָר־זיילן!

די דיוואַנען — גאָלד און זילבער,
אַלאַבאַסטער אויסגעפלאַסטערט,
מאַרמאָר, גלאַנצשטיין און פאָרפירן!

און די בעכער זיינען גאָלדן,
פאַרשיידנאַרטיגע געפעסן, —
מאַסן קעניגלעכע ווײַנען,
ווי עס איז אימשטאַנד אַ קעניג!

און דאָס טרינקען, לויט דער פאָרשריפט,
נישט צו נייטן! דען באַפוילן
די הויז־באַדינ(ער) האָט דער קעניג
צו טאָן יעדעם מאַן זיין ווילן!

און אין קעניגלעכן פּאַלאַץ
וואָס צום קעניג אחשורוש

ושתי מאכט — די קעניגינע —
אזא טרינקמאָל פאַר די פרויען!

און צום לעצטן זיבטן טאָג,
וואויל געמיט פון וויין דער קעניג,
שיקט ער זיינע זיבן דינער,
וואָס פאַר זיין געזיכט געשטאַנען:
מהומן, בזתא און חרבונא,
בגתא, אבגתא און דעם זתר
און דעם כרכס און באַפעלט זיי,
צו דער קעניגינע ושתי,
דאָס זי זאָל פאַר אים דערשיינען
אין דער קעניגלעכער קרוין,
דען איר שיינקייט וויל ער ווייזן
פאַר די פעלקער און די הערן, —
ז׳איז אַ שיינע פון געשטאַלט!

---

# א.

איידער כ׳טו די לעפצן אויף,
בעפאָר דאָס וואָרט איך שפּרייט,
בעט איך די דערלויבעניש
פון אייער ליבלעכקייט...

זינגען וויל איך פון באשעפער
און זיין הערלעכקייט!
דאָך אומענדלעך איז זיין מאכט,
ווער שעפּט זי אויס מיט רייד?

און ווען הימלען — לויטער פּאַרמעט, —
ווייט אַרום און ברייט.
אַלע וועלדער לויטער פּענעס,
שרייבער — קינד און קייט!

נאָך קיין טראָפּן נישט פון ים —
פון זיין אַלמעכטיגקייט;
נאָך קיין אָפּגלאַנץ פון אַ שטראַל
אין זיין הערלעכקייט!

ווי די פּאַרהענג האָט ער הימלען
אויס־ און אויסגעשפּרייט!
און די ערד האָט ער געזעצט
אויף נישט אין פעסטיגקייט!

אין טעג אין זעקס דאָס אַלץ באַשאַפן,
קיין מי, קיין מידינקייט!
איינציג מיט'ן וואָרט גערופן —
אַלעס שטעלט זיך צו דער צייט!

און איז זיך אויף זיין טראָן געשטיגן,
לויטער ליכט — זיין קלייד!
און זעקס־פליגלדיגע שרפים,
כרובים זיין באַגלייט!

שווימען שאַר און שאַר פאָרביי,
פאַרצוקט אין לויטערקייט,
אין פאַרביג־רעגנבויגנדיגער
שטילער הערלעכקייט!

קוקן אויס זיין וואונק און וואַרטן,
צום דערפילן גרייט,
מיט דער שטרענגסטער דונער־קראַפט,
בליצן־שנעלינקייט!

שווימען מיט געזאַנג פאָרביי
יעדע האָט איר צייט!
רוישן כרובים און גלגלים
אין באַשטענדיגן פאַרבייט!

און אַלץ נייע, נייע שאַרן, —
כאָרן און באַגלייט!

שווימט פאַרביי, דער קאָפּ געבוקט,
פליגל — אויסגעשפּרייט!

און אויף יעדער צונג די לויב:
„אויף אייביג־אייבינקייט
„זאָל געלויבט זיין נאָמען זיין
„און זיין מאַכט — געשפּרייט!

„און געהייכט, און געקריינט
„איבער אָרט און צייט,
„אייביג — פון אומענדלעכקייט
„ביז אומענדלעכקייט!"

---

ב.

ווער אָפּגעלויבט און שווימט פאַרביי,
קומט נישט צוריק זיין צייט!
און אויפ'ן פאָלק ישראל ווערט
אַראָפּגעקוקט מיט נייד!

ווייל עס ווערט זיין לויבגעזאַנג
טאָג אויף טאָג באַנייט!
און ער איז פון האר אַליין
געוויילט צו דעם באַשייד!

און אויף אַלע וועלטן מעג
זיין זיין לויב צעשפּרייט,

און אויף אַלע שבעה ימים —
זיין געזאַנג צעזייט.

איז אַ מלאך אויפצוזוכן,
זיי צו זאַמלען גרייט,
און ער זוכט און זאַמלט זיי
מיט ליב און צערטלעכקייט!

און פון יעדן לויב־געזאַנג,
פאַרצוקט אין שטילער פרייד,
פלעכט ער קרוינען צום באַשעפער׳ס
קאָפּ אין הערלעכקייט!

און אויסגעקריצט אויף יעדער קרוין
איז דער באַשייד:
וואויל דער אומה, גליק און הייל,
וואָס דינט דער איינציגקייט!

---

ג.

וואָס איז „וואויל", „גליק" און „הייל",
פון דעם יעצונד באַשייד!
די קעניגן — זיי שטייען אויף,
פערשטן, גרויסע לייט

אינ'ם פאַלש־פאַרבלענדטן שטאָלץ
אויסצושפּעטן גרייט,
רוישן ווי די וואַסער־אינדן,
פרעגן אונז פאַרשייט:

„ווער איז דיין געליבטער, זאָג,
„דיין הארציג פּיין און לייד? !
„ווער איז דער געטרוימטער דיין,
„קינדיג, שפּרעדע מייד" ! 1)

„פאַרברענגסט אומזיסט אין בענקעניש
„דיין גאַנצע לעבנס־צייט".
און ראָטן: קום צו אונז און טייל
אונזער לוסט און פרייד!

הער, דו קעניג, פערשט און פאָלק,
מיין קורץ און שאַרף באַשייד.
אייער לוסט איז אַש און שטויב,
לויטער נישטיגקייט!

אייער פרייד — פאַרבלענדעניש!
אייער דרייסטיגקייט
און אייער רום, און אייער שטאָלץ —
איטל־איטלקייט!

---

1) איינגעשפּאַרטע יונגפרוי.

עס קומט דער טאָג פון אונזער טרייסט,
פון לוין און זעליגקייט,
ווען ער באַווייזט זיין פּראַכט און מאַכט,
אין זיין גערעכטיגקייט!

וואָס געדריקט, דאָס ווערט באַפרייט, —
געזאַמלט, וואָס צעשפּרייט,
היילינג־ציון — אויפגעבויט,
זיין קעניגרייך באַנייט!

עס איז דער טאָג פון גליק און הייל,
דער טאָג פון לוין און פרייד!
אויבן נעפּלען, ווי קרישטאָלן,
ווי די חופּות אויסגעשפּרייט,

אונטן שפּרייטן באַלזאַם־טייכן
זייער ליבלעך דופטיגקייט
און אין קרוינען, און אויף טראָנען
זיצן גוטע, פרומע לייט.

און זיי לייכטן, ווי די שטערן,
עטעמען מיט געטלעכקייט,
אָ, דאָס איז נישט צום באַשרייבן,
נישט צו מאָלן מיט קיין רייד!

דאָס האָט נאָך קיין אויג געזעען,
קיין פּראָפעט נאָך פּראָפעצייט!

די לבנה — זיבנפארביג,
און די זון — ארוים פון שייד!

אלע זיבן הימלען — אפן,
און דער מערמל־שטיין — געשפרייט!
ער אנטפלעקט זיך און באוויזט זיך
אין זיין הערלעך הייליגקייט!

א, דאס איז ער, מיין געליבטער!
און אין גרוים לייטזעליגקייט 1)
וועט ער נעמען מיך און פירן
אויפ'ן שטעג פון אייביגקייט!

און עס ווערט אין אלע הימלען
דער פריידן־שאל געשפרייט:
מיט זיין פאלק ישראל האט
ער זיין בונד באנייט!

---

ד.

און עס הויבט א קאמף זיך אן
גרימיג און פארשייט
מיט'ן ווילדן שור־הבר
דער לויתן־שטרייט!

---

1) און אין (זיין—אויסג.) גרויס לייטזעליגקייט.

דער האַט אײַזערנע פּלאַטן,
און ער עפנט ווײַט און ברייט
קעגן שור־הבר די שלונד
און אַ שפּרונג, צו שלינגען גרייט!

יענער שטעלט די הערנער אויס
שטאָלן, שפּיציק און געדרייט,
קעמפן ביידע אומגעהויער
און אויף טויט און לעבן גרייט!

גייט דער גוג־ומגוג־שפּיל,
געוווּרן ווערט דער שטרייט — —
ניין, דער שעפער צוקט די ברעם
און די שווערד אַרויס פון שייד.

ביידע, ווי פון בליץ געטראָפן,
לעבלאָז, אויסגעשפּרייט!
צו דער סעודה פאַר צדיקים
ווערט שוין, אײַלנדיק, געגרייט

אויף די טישן פון גאָרפונקל,
יאַספּיס אויסגעשפּרייט!
און עס פּערלט זיך אין בעכער
אין זײַן קלאָרינקייט

דער ווייַן און דער טרויב געהיטן
פון דער אָנהויב צייט!
אַלץ איז אָפן, אַלץ אַנטפּלעקט,
אוים פאַרבאָרגנקייט!

---

ה.

און האָב איך צינדערט מיט פאַרלויב
געענדיגט מיינע רייד,
בלייבט מיר נאָך צו ווינטשן אייך,
גוטע, פרומע לייט!
דערמאָנען זאָל ער זיך אָן אייך,
ווען עס קומט די צייט!

איר זאָלט פון אַלעם דעם געניסן
אין דער ערשטער ריי, נישט ווייט,
פון זיין גלאַנץ און פּראַכט, און לויטער
הייליג, הייליג הערלעכקייט!

אָ, דאָס ווינטש איך אייך פון הארצן,
און זאָל הערן מיינע רייד
ער, געלויבט זאָל זיין זיין נאָמען
פון אייביגקייט ביז אייביגקייט!

---

.1

* איידער כ׳טו די לעפצן אויף,
* בעפאָר דאָס וואָרט איך שפּרייט,
* בעט איך די דערלויבעניש
* פון אייער ליבלעכקייט!

פון באַשעפער וויל איך זינגען
* אין זיין הערלעכקייט!
* דאָך אומענדלעך איז זיין מאַכט,
* ווער שעפּט זי אויס מיט רייד?

און ווען די הימלען — לויטער פּאַרמעט, —
* ווייט אַרום און ברייט.
* אַלע וועלדער — לויטער פּענעס,
* שרייבער — קינד און קייט!

ווען (וועט?—רעד.) קיין טראָפּן נאָך נישט זיין
אין ים פון אייבינקייט
און קיין איינציג־שטראַל פון גלאַנץ
פון זיין הערלעכקייט!

אַלץ וואָס לעבט האָט ער באַשאַפן: *)
הימלען — אויסגעשפּ(ר)ייט!
און אויף גאָר נישט די ערד געזעצט
אין פעסטיגקייט! **)

*) (די גאַנצע וועלט—אויסג.) האָט ער באַשאַפן.
**) און (די ערד
געזעצט.—אויסג) אין פעסטיגקייט.

און די גאַנצע וועלט באַשאַפֿן
קיין מי און מידינקייט!
* איינציג מיט'ן וואָרט גערופֿן,
נעקומען צו דער צייט!

אויף זיין טראָן איז ער געשטיגן,
לויטער ליכט — זיין קלייד! *)
* און זעקס־פליגלדיגע שרפים,
* כרובים — זיין באַגלייט!

שווימען שאַרן און שאַרן פאַרביי,
* פאַרצוקט אין לויטערקייט.
* אין פאַרביג־רעגנבויגנדיגער
שטילער זעליגקייט.

און זיי קוקן אויס, זיין וואונקען
* צום דערפילן גרייט!
* מיט דער שטרענגסטער דונער־קראַפט,
* בליצן־שנעליגקייט!

שווימען אין געזאַנג פאַרביי,
יעדער האָט זיין צייט!
* רוישן כרובים און גלגלים,
* אין באַשטענדיגן פאַרבייט.

---

*) (און ער האָט זיך איינגעהילט
אינעם ליכט—זיין קלייד—אויסג.)

אליך־אין־איינעם שארן נייע,
* כאָרן אין באגלייט!
פליט פאָרביי, דער קאָפּ געבוקט,
די פליגל אויסגעשפרייט.

* און אויף יעדער צונג די לויב:
* אויף אייביג אייבינקייט,
זיי, דו האר דער וועלט, געקרוינט,
און דיין מאכט צעשפרייט!

און געלויבט זאָל זיין דיין נאָמען
אויף יעדע אָרט און צייט
פון אומענדלעכקייט
* ביז אומענדלעכקייט!

---

.2

ווער אָפּגעלויבט, שווימט פארביי,
צוריק קומט נישט זיין צייט!
* און אויפ'ן פאָלק ישראל ווערט
* אראָפּגעקוקט מיט נייד!

* ווייל עם ווערט זיין לויב־געזאנג
* טאָג אויף טאָג באנייט!
און איז פון האר אליין געוויילט
צו דעם באשייד!

* און אויף אלע וועלטן מעג
* זיין זיין לויב צעשפּרייט,
און אויף שבעה־ימים זיין
לויב־געזאַנג צעזייט.

אויפצוזוכן, זיי צו זאַמלען
איז אַ מלאך גרייט,
* און ער זוכט און זאַמלט זיי
מיט ליב׳ און צערטלעכקייט!

און פון לויב און לויב־געזאַנגען,
פאַרצוקט אין גרויסער פרייד,
קרוינען פלעכט ער צום באַשעפער׳ס
* קאָפּ אין הערלעכקייט!

* און אויסגעקריצט אויף יעדער קרוין
* איז דער באַשייד:
* וואויל דער אומה, גליק און הייל,
* וואָס דינט דער איינציגקייט!

וואָס איז „וואויל" און „גליק און הייל"?
פון דעם אַצינד באַשייד!
ווייל מלכים שטייען אויף,
פירשטן, גרויסע לייט.

און די הערשער און באַצווינגער,
* אויסצושפּעטן גרייט,

* רוישן *) ווי די וואסער־אינדן,
שפעטיש און פארשייט:

* „ווער איז דיין געליבטער, זאָג,
* „דיין הארציג פיין און לייד?
* „ווער איז דער געטרייער־דיין,
„קינדיג, שטאָלצע מייד!

„וואָס פארברענגט אין בענקעניש
„די גאנצע לעבנס־צייט!
„פארגעס און קום צו אונז און טייל
* „אונזער לוסט און פרייד״?

קעניגע, פירשט און פאָלק!
הערט מיין קורץ באשייד!
אייער לוסט — אש און שטויב!
דאָס ליכט איז פינצטערקייט!

פון פינצטערניש פארבלענדעניש
שטאמט די דרייסטיגקייט,
אייער הייך און אייער שטאָלץ—
* אייטל־אייטלקייט!

און עס קומט פאר אונז דער טאָג
* פון לוין און זעליגקייט,
פון טרייסט און לוין! דער גרויסער טאָג
פון זיין גערעכטיגקייט!

---

*) ברומען—אויסג.

וואס גענידערט ווערט געהייכט!
* געזאמלט, וואס צעשפּרייט!
* הייליג־ציון — אויפגעבויט,
* זיין קעניגרייך באַנייט!

* אויבן נעפּלען, ווי קריסטאַלן,
* ווי די חופות אויסגעשפּרייט!
און עס פליסן באַלזאַם־טייכן
און צעשפּרייטן דופטיגקייט!

און געקרוינט, אויף טראָנען גאָלד'נע
* זיצן גוטע, פרומע לייט!
און זיי שטראַלן, ווי די שטערן,
און עטעמען מיט געטלעכקייט!

* אָ, דאָס איז נישט צום באַשרייבן,
נישט צו מאָלן אוים מיט רייד!
* דאָס האָט נאָך קיין אויג געזעען,
און קיין נביא פּראָפעצייט!

זיבנפאַרביג — די לבנה
* און די זון — ארוים פון שייד!
און ער אַנטפּלעקט זיך און באַווייזט
אין זיין הייליג הערלעכקייט!

אָ, דאָס (איז?—רעד.) ער, מיין געליבטער,
אין געוועקטער הארציגקייט!
און ער נעמט מיך, און ער פירט מיך
אינ'ם שטעג פון אייביגקייט!

און אין אַלע הימלען ווערט
אָט דער שאַל צעשפּרייט:
* מיט זיין פאָלק ישראל האָט
גאָט זיין בונד באַנייט!

---

ג *).

* און עס הויבט א קאמף זיך אָן,
* גרימיג און פארשייט,
* מיט'ן ווילדן שור־הבר
* דער לויתן־שטרייט!

אַ פיש מיט אייזערנע פלאָסן
און אַ שלונד ווייט און ברייט,
ווי אַ פינצטער אָפּגרונט אָפן
דעם שור־הבר צו שלינגען גרייט!

יענער — מיט די הערנער — שטאָל!
שפּיזן — שפּיציג און געדרייט!
* קעמפן ביידע אומגעהויער
* און אויף טויט און לעבן גרייט!

---

*) פון דאַנען אָן גייט די באַצייכענונג פון די קאַפּיטלען מיט אידישע אותיות. אָבער אָנשטאָט קאַפּ. ג' האָט דאָ, לויט דעם ענדגילטיגן טעקסט, געדאַרפט קומען ד', און די באַצייכענונג פון קאַפּ. ג', וואָס האָט געדאַרפט קומען פאַר'ן פערז: „וואָס איז „וואויל" און „גליק און הייל"? ז. 18—פעלט אינגאַנצן.—רעד.

עס איז דער גוג־ומגוג־שפּיל,
געוואָרן וועט דער שטרייט?
נײַן, דער שעפּער ציט זײַן ברעם,
צוקט די שווערד פון שייד!

* בײַדע, ווי פון בליץ געטראָפן,
טויטע אויסגעשפּרייט!
געדעקט דער טיש און די סעודה
פאַר צדיקים גרייט!

אויף די טישן פון גאַרפונקל
און יאַספּיס געשפּרייט!
* און עס פּערלט זיך אין בעכער
אין זײַן קלאָרינקייט

דער ווײַן, וואָס איז אין טרויב געהיט
* פון דער אָנהויב צייט!
* אַלץ איז אָפן, אַלץ אַנטפּלעקט,
* אויס פאַרבאָרגנקייט!

---

ה.

צינדערט האָב איך, מיט פאַרלויב,
ג'ענדיגט מײַנע רייד!
* בלײַבט מיר נאָך צו ווינטשן אײַך,
* גוטע, פרומע לײַט!

אַז דערמאַנען זאָל ער אייך,
* ווען עס קומט די צייט.
און איר זאָלט געניסן דאָך
פון זיין הערלעכקייט!

און איר זאָלט אַ פּלאַץ באַקומען,
פון דער הערלעכקייט נישט ווייט?
אָ, דאָס ווינטשן (ווינטש איך?—רעד.) אייך פון האַרצן
און זאָל הערן מיינע רייד

* ער! געלויבט זאָל זיין זיין נאָמען!
און זיין גלאַנץ צעשפּרייט
איבער אַלע, אַלע וועלטן,
אין דער אייבּיגקייט.

---

איך טו די לעפּצן אויף!
* בעפאָר דאָס וואָרט איך שפּרייט,
בעט איך ד'ערלויבעניש
* פון אייער ליבלעכקייט.

פון באַשעפער זינג איך
און זיין אַלמעכטיגקייט!
אומענדלעך איז זיין מאַכט,
* ווער שעפּט זי אויס מיט רייד?

ווען אַלע הימלען — פּאַרמעט!
און ווייט אַרום און ברייט —
* אַלע וועלדער — פּענעס,
* שרייבער — קינד און קייט, —

נאָך קיין גאַנצער שטראַל
פון גלאַנץ און אייביגקייט!
ער האָט די וועלט באַשאַפן
אָן מי און מידיגקייט,

נאָר איינציג מיט זיין וואָרט
די הימלען אויסגעשפּרייט,

און די ערד באַפּעסט, —
אין טעג אין זעקס — די צייט!

און האָט זיך איינגעהילט
אין זיין הערלעכקייט,
געזעצט זיך אויף זיין טראָן.
און דאָס ליכט — זיין קלייד.

און טויזנטער, טויזנטער שאַרן
* פאַרצוקט אין לויטערקייט,
אין רעגנבויגן־פאַרביק־
* שטילער זעליגקייט,

קוקן אויס זיין וואונק
צום דערפילן גרייט,
מיט דער דונער־מאַכט,
בליצן־שנעליגקייט!

און אַלע זינגען שירה,
יעדער אין זיין צייט!
כרובים און גלגלים
רוישן אין פאַרבייט!

און אַלץ נאָך נייע שאַרן
כאָרן און באַגלייט.
ווער עס קומט — געבוקט!

* די פליגל אויסגעשפּרייט!
אויף יעדער צונג די לויב:
* „אויף אייביג־אייבינקייט!

„זיי, דו האר, געלויבט!
„און דיין (מאכט?—רעד.) צעשפּרייט
„פון אומענדלעכקייט
„ביז אומענדלעכקייט!"

און אָפּגעלויבט — פאַרביי!
ס'קומט ניט צוריק די צייט!
יעדן מאָרגן־פרי —
שאַר און כאָר באַנייט;

אומענדלעך איז די צאָל
פון כאָרן און באַגלייט!
און אויפ'ן פאָלק ישראל
ווערט געקוקט מיט נייד!

עס איז פון האר אליין
געוויילט צו דעם באַשייד!
זינגט עס פרי און שפּעט,
לויבט צו יעדער צייט!

מעג אויף אלע וועלטן
* זיין זיין לויב צעשפּרייט,

און איבער אַלע ימים
זיין געזאַנג צעזייט ! *

זיי זוכן, זיי צו זאַמלען
ווי (איז ?—רעד.) א מלאך גרייט !
זאַמלט ער די תפילות
מיט גרויסער צערטלעכקייט, —

פלעכט ער פון זיי קרוינען...
אויף יעדער קרוין באַשייד :
„גליק און הייל דער אומה,
וואָס דינט דער איינציגקייט !"

דעם באַשעפער'ס קאָפ
אין לויטער הערלעכקייט,
מיט די קרוינען קרוינט ער,
פאַרצוקט אין ליכטיגקייט !

וואָס איז „וואויל" און „הייל" ?
פון לוין אצינד באַשייד !
פערשטן שטייען אויף,
שפּעטן יעדער צייט !

מלכים שטייען אויף,
אויסצושפּעטן גרייט ! *
ווי די וואַסער־אינדן,
ברומען זיי, פאַרשייט :

„ווער איז דיין געליבטער,
* „דיין הארציג פיין און לייד?
„ווער איז דיין געטרויטער,
* „קינדיג, שטאָלצע מייד!

„צו וואָס אזוי פארטרויערט
* „דיין גאנצע לעבנס־צייט?
„קום צו אונז און טייל
„גלאַנץ און לוסטיגקייט!"

קעניגן און פערשטן,
* הערט מיין קורץ באשייד!
אייער שטאָלץ און גלאַנץ —
* לויטער נישטיגקייט!

אייער זים'ם איז ביטער!
ליכט — נאָר פינצטערקייט!
קעגן דעם גרינגסטן שטראָל,
וואָס קומט פון אייביגקייט!

אייער הויך איז שפּל!
אייטל־אייטלקייט!
און עס קומט דער טאָג
פון זיין גערעכטיגקייט!

דער טאָג פון הויכן לוין—
* געזאמלט, וואָס צעשפּרייט!

דער טאָג פון הויכן לוין —
און עס קומט דער טאָג
פון לויטער זעליגקייט!

ציון אויפגעבויט,
* זיין קעניגרייך — באַנייט!
אין דעם הימל'ס פראַכט,
געטלעך לויטערקייט!

נעפלען—ריין קריסטאַל,
ווי חופות אויסגעשפרייט!
און פון באַלזאַם־טייכן
ווערט דער דופט צעשפרייט!

און גינגאָלדענע קרוינען,
און טראָגען זיינען גרייט
פאַר צדיקים'ס קעפּ!
לוין — פאַר ערלעכקייט!

שטראַלן זייערע פּנים'ער —
שטערן אין הימל צעשפּרייט;
באַווייזט זיך כביכול
אין הערלעך־הערלעכקייט!

— „דאָס איז ער, דער געליבטער,
„געקומען איז די צייט:

„און ער וועט מיך פירן
„אין גלאַנץ פון אייביגקייט!"

צינדערט הויבט זיך אָן,
צאָרניג און פאַרשייט,
מיט דעם שור־הבר
דער לויתן־שטרייט! *

אייזערנע פלאָסן,
שלונד — ווייט און ברייט!
ווי אין אָפּגרונט אָפן,
א וועלט צו שלינגען גרייט!

און יענער — הערנער — שטאָל.
שפּיציג און געדרייט!
אומגעהויער צוויי,
אויף טויט און לעבן גרייט!

דער גוג־ומגוג שפּיל...
ווי ענדיגט זיך דער שטרייט?
דער שעפער ציט זיין ברעם,
צוקט די שווערד פון שייד! *

ווי פון בליץ געטראָפן,
ביידע אויסגעשפּרייט!

און — מעדני מלך
* פאר צדיקים גרייט!

אויף טישן פון גארפונקל
* און יאספים געשפרייט!
עס פערלט זיך אין בעכער,
* אין זיין קלארינקייט

דער וויין אין טרויב געהיט
* פון דער אנהויב צייט!
אלעס ווערט אנטפלעקט,
* אויס פארבארגנקייט!

בלייבט מיר נאר צו ווינטשן,
א, גוטע פרומע לייט,
באקומט אייער פלאץ
* ווען עס קומט די צייט,

אין דער ערשטער רייע
פון לויטער זעליגקייט,
ביי דעם טיש, געדענקט (גערעקטן?—רעד.)
פון זיין גערעכטיגקייט!

און זעט דאָס ליכט, דאָס ריינע,
די זון — אַרויס פון שייד!
דאָס ווינטש איך אייך פון האַרצן,
דער האַר הערט (מיינע?—רעד.) רייד!

געלויבט זאָל זיין זיין נאָמען
* און זיין גלאַנץ צעשפּרייט
* איבער אַלע וועלטן
* אין דער אייביגקייט!

---

דער טאטע האָט אַ ציגעלע
פון ערגעץ־וואו געבּרענגט, —
פאַר צוויי גילדוין אַ ציגעלע
די קינדערלעך געשענקט.
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

טאַנצט אַרום דאָס ציגעלע
דאָס ווייסינקע אין הויף.
איז אַ שוואַרצע קאַץ פאַראַן,
כאַפּט זי, פרעסט עס אויף *).
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

היט זיך, היט זיך, קעצעלע,
דער הונט איז אויפ'ן פּלאַץ!
ער גיט אַ בּיל, ער גיט אַ שפּרונג, —
אַן עק שוין פון דער קאַץ!

אויסגעצויגן ליגט זי שוין
צעבּיסן און דערשטיקט,

*) כאַפּט זי און פרעסט עס אויף—אין פינסקי'ס אויסגאַבּע.

די קאַץ, די קאַץ, די שוואַרצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פאַרציקט!
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

קומט אַרויס דאָס שטעקעלע,
אַ שטעקעלע פון וואַלד,
וואַרפט זיך אויפ׳ן הונט אַרויף,
וואַרפט זיך און צעשפּאַלט

דעם הונט, דעם הונט, דאָס קעפּעלע,
וואָס האָט די קאַץ דערשטיקט,
די קאַץ, די קאַץ, די שוואַרצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פאַרציקט!
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

פליט אַרויס פון ערגעץ־וואו
און באַפאַלט דעם שטאָק
אַ פייערל מיט רויטינקע
צינגעלעך אַ שאָק!

מיט צינגעלעך, ווי שלענגעלעך,
צישט עס און פאַרברענט —

דאָס שטעקעלע, וואָס האָט דאָ ערשט
געבראָכן ריק און לענד

און קאָפּ דעם הינטעלע,
וואָס האָט די קאַץ דערשטיקט ;
די קאַץ, די קאַץ, די שווארצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פארציקט !
פאר צוויי גילדוין,
פאר צוויי גילדוין,
פאר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

פליסט זיך אָן א וואסערל,
דעם וואסערל פארדריסט :
„וואָס ברענט אזוי דאָס פייערל ?"
נעמט עס שנעל, פארגיסט !

פארטיליגט שוין דאָס פייערל,
וואָס האָט דעם שטאָק פארלענדט,
וויל ער האָט דעם הינטעלע
געבראָכן ריק און לענד

און קאָפּ *) דעם הינטעלע,
וואָס האָט די קאַץ דערשטיקט, —

*) און דעם קאָפּ—אין פינסקי'ס אויסגאַבע.

די קאַץ, די קאַץ, די שוואַרצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פאַרציקט!
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

דאָס דערזעט אַן עקסעלע,
צום וואַסערל אַ שפּרונג!
ווייל דער אָקס זיך נוקם זיין,
צי גלאַט, ער וויל אַ טרונק!

ווער פאַרשטייט, וואָס וואַלגערט זיך
אין מוח׳ל ביי אַ רינד?!
אַ שפּרונג, אַ זופּ און אַ לעק,
און דאָס וואַסערל פאַרשווינדט!

אויס דאָס וואַסערל, וואָס האָט
דאָס פייערל פאַרלענדט —
דאָס פייערל, וואָס צאָרניג האָט
דאָס שטעקעלע פאַרברענט.

ווייל ער האָט דעם קאָפּ געפּלעט
דעם הונט, וואָס האָט דערשטיקט

די קאַץ, די קאַץ, די שוואַרצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פאַרציקט!

פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

באַווייזט זיך באַלד א שוחט'ל,
געדעכט צי נישט גערעכט,
כאַפּט אַרויס דאָס חלפ'ל,
כאַפּט דעם אָקס און שעכט!

דעם אָקס, דעם אָקס, דעם גרויסן אָקס,
וואָס האָט דאָס וואַסערל פאַרלענדט,
ווייל פאַרנישט *) דאָס פייערל,
וואָס האָט דאָס שטעקעלע פאַרברענט!

ווייל ער האָט דעם קאָפּ געפּלעט
דעם הונט, וואָס האָט די קאַץ דערשטיקט,
די קאַץ, די קאַץ, די שוואַרצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פאַרציקט!
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

---

*) פאַרלעשט—אין פינסקי'ס אויסגאַבע.

האָט עס דער מלאך פון טויט דערזען,
מיט די טויזנט אויגן!
צעשפּרייט ער באַלד די פליגל שוואַרץ,
קומט ער אָנגעפלויגן.

„אוי, וואָס האָסטו, מענטש, געטאָן?"
געווערט עס קוים אַן אויגנבליק,
כאַפּט דעם שוחט ביים גרגרת,
כאַפּט דאָס מעסערל און — כיק!

ווייל ער האָט דעם אָקס געקוילעט,
וואָס האָט אַ וואַסערל פאַרלענדט,
ווייל עס האָט אַ פלאַם פאַרגאָסן,
וואָס האָט דאָס שטעקעלע פאַרברענט,

ווייל עס האָט דעם קאָפּ געשפּאַלטן
דעם הונט, וואָס האָט די קאַץ דערשטיקט.
די קאַץ, די קאַץ, די שוואַרצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פאַרציקט!
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

ווערט דער כביכול צאָרניג:
„נאָר געראַנגלט און געפאָכטן!"

און האָט, אין זיין גערעכטיגקייט,
דעם טויט אליין אויף טויט געשאָכטן!

און, ווי אַלע טויטע טויט,
ליגט דער מלאך אויסגעשפּרייט,
וואָס האָט דאָס שוחט'ל געקוילעט,
ווייל ער האָט דעם אָקס געטויט!

וואָס האָט דאָס וואסער אויסגעטרונקען,
וואָס האָט דאָס פייערל פארלענדט,
ווייל ער האָט מיט רויטע צינגלעך
דעם האָלצערנעם שטאָק פארברענט,

ווייל ער האָט דעם קאָפּ געפּלעט
דעם הונט, וואָס האָט די קאַץ דערשטיקט,
די קאַץ, די קאַץ, די שווארצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פארציקט!
פאר צוויי גילדוין,
פאר צוויי גילדוין,
פאר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

